אָנהויב ווערנע נאָך אזא לאַנגען, שטאַרקען ווינטער-שלאָף. קוים קוקען ארויס פון דער ערד יונגע גרעזעלעך, קוים פוקען זיך די בוימער, נאָך נאַקעט, אָהן אַ מלבוש פון גרינע בלעטער — קלינגט שוין דאָס לעבענס-ליעד אין דער גאַנצער וועלט! אָט דאָס ליעד האָבען געזונגען היינט לעבע־דיג, פרעהליך די פייגעלעך צווישען צווייגען; זשאַבעס אין קאַליוזשעס, טייכען; פליגען, בינען ביים אַרויסקריכען פון לעכער, שפאַלטען. די זון איז היינט אַרויס פון איהר פוטער-פאַס פרעהליך, אָנקוקענדיג די ערד מיט איהר ליכטיג פנים, זי געקושט ליעבליך, וואַרעם, ווי אַחתן אַ כלה — האָט זי, די ערד, זיך גאָר מחיה געווען, זיך גענומען אָפּרייניגען פונ׳ם גאַנצען שמוץ, פון די אַלטע פערפוילטע געוועקס איהרע און צוגרייטען זיך נייע, גוטע, שעהנע זאַכען צו דער חתונה איהרער למזל-טוב. אָבענד האָט זי זיך איינגעהילט אין אַ טונקעלען דעקטוך מיט העלע זילבערנע פליטערלעך פונ׳ם שיין פון דער לבנה און איינגעדרימעלט מיט זיסע גוטע האָפנונגען אויף מאָרגענ־דיגען טאָג.

ווערנע אין אַ גוטע מזל׳דיגע שעה!

זרחי הויבט זיך אויף פונ׳ם אָרט און קלייבט זיך געהן צו זיך אין איינפאָהרהויז.

— צו מיר מאָרגען אויף ווערשערע — בעט כרפס דעם חבר זיינעם, געבענדיג איהם די האַנד.

— „אויף ווערשערע“ זאָגסט דו, און ניט צום סדר?!

— יאָ, ליעבער זרחי, טאַקע אַזוי, און עס טהוט מיר זעהר באַנק וואָס איז אַזוי. פונ׳ם גאַנצען האַרצען וויל איך מאַכען אַ סדר צוליעב מיר און מיינע קינדער, וואָרום קיין זאַך פאַרזיסט ניט אַזוי דאָס הויזליכע לעבען, זעצט ניט אַריין אַזוי פעסט דאָס יודישקייט אין די קינדערשע הערצער ווי די ימים-טובים. נאָר וואָס זאָל איך טהאָן אַז דאָס הויז — דאָס איז דאָס ווייב, און דאָס ווייב מיינס, דו קענסט דאָך זי, איז ניט פון יענע ווייבער, וואָס לייענען תחינות, זי האַלט עפּעס ניט פונ׳ם יודישקייט.

— נאָר ניט נעזאָרגט, כרפס מיינער! נאָך היינט געה איך צו דיין ווייב און גיב איהר אַ שטונדע אין יודישקייט. טענסט זיך, נישקשה, אויף מיר פאַרלאָזען, אַז איך וועל זי יודישען. און מיר וועלען אם-ירצה-השם עסען מצה, מרור און חרוסת, פיש, קניידלעך און אַלע יודישע מאכלים. צו דיר ליעבער כרפס, מאָרגען צום סדר בעט איך דיר, צו דיר אין הויז.

* *

*

און אַ סדר האָט מען אָפּגעריכט ביי כרפס'ן אין הויז זעהר אַ שעה־נעם, אַ כשר'ן טאַקי ווי זרחי האָט געזאָגט. דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַלע צערעמאָניעס ווי געהעריג. כרפס דער מלך איז געזעסען אויף דער עסבעט גאַנץ געהויבען, דאָס ווייב, די מלכה איהם צו דער רעכטער זייט. זרחי ווי אַ משנה־למלך — צו דער לינקער זייט, און אין שטוב איז געווען ליכטיג, פרעהליך, דאָס קליינוואַרג וואונדערט זיך, איינס דעם אַנדע־רען פרעגען: מה נשתנה, פאַר וואָס איז די נאַכט געוואָרען עפּעס פער־ענדערט פון אַלע אַנדערע נעכט? ווינשענדיג זיך — הלואי תמיד זאָל זיין אזוי. און די גרויסע זאָגען די הגדה ווי מען איז דערלעזט געוואָרען פונ'ם גלות־מצרים, ווינשענדיג זיך, הלואי, רבונו של עולם, דערלעזט צו ווערען פונ'ם היינטיגען גלות — און לשנה הבאה בירושלים.



